הוצאת ה„מזרחי".

# ווי אזוי ברויך ארגאניזירט ווערען
# אונזער שול־וועזען?

צוויי רעפעראַטען,
געהאלטען אויף דער מזרחי'סטישע
צווייטער לאַנדעס־קאָנפערענץ אין פוילען.
ווארשא כ"ח ניסן–א' אייר תרע"ט.

פון
א) הרב ר' יהודה ליב גרויבארד, סטאַשאָוו,
ב) הרב ד"ר שמואל־אברהם פאזנאנסקי, ווארשאַ.



פרייז 75 פעניג.



ווארשא—תר"פ.
דרוק ברידער לעווין־עפשטיין
פאוויא 38

## א) הרב יהודה־ליב גרויבאַרד.

געעהרטע חברים! איך האָב דאָ די עהרע אין מיין יעצטיגען רעפעראַט צו בעהאַנדלען איינעם פון די הויפט־יסודות פון אונזער פאָלקס־עקזיסטענץ, איינעם פון די הויפט־ענינים, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דאָס גאַנצע ציוויליזירטע לעבען פון דער מענשהייט, נעמליך: די פראַגע וועגען דער ע ר צ י ה ו נ ג פ ו ן א ו נ ז ע ר ע ק י נ ד ע ר.

אַ פאַקט איז, אַז דער ענין־החנוך בעגעגענט בײַ אונז פיעל מעהר שווערינקייטען ווי בײַ אַלע אַנדערע פעלקער. די סבה דערפון איז אַ גאַנץ פשוט'ע.

מיר האָבען אונזער תורה, אַ זעהר רייכע בכמות ובאיכות, און אָט די תורה דאַרף מען לערנען נישט נור אַלס מיטעל, כדי צו וויסען די אַלע פערשיעדענע מצוות און דינים, נאָר אויך צוליב דעם למוד זעלבסט. שוין אין די פריהעסטע קינדער־יאָהרען ליעגט אויף דעם יודישען קינד דער עול צו לערנען תורה: „בן חמש למקרא!" איינער פון די הויפט־גרונד־זאַצען, וועלכע ס'האָבען אין אונז איינגעוואָרצעלט יענע אונזערע גרויסע מענער, וואָס זענען בעקאַנט אַלס די א נ ש י כ נ ס ת ה ג ד ו ל ה, איז: „העמידו תלמידים הרבה!"—וואָרום מיר זענען דער „עם הספר", און וואָס מעהר תלמידים עס וועלען זיין, אַלץ מעהר תורה און וויסען וועט אונזער פאָלק פערמאָגען.

בעקאַנט איז אויך, אַז שוין אין די אַלטע צייטען, בזמן

בית שני, איז בײַ אונז דאָס שול־װעזען געװען ברײט ענטװיקעלט, און דער כּהן־גדול יהושע בן־גמלא האָט דאָן אין אַלע יודישע שטערט געגרינדעט בּתּי הספר, װאָרום די תּורה איז דאָס אײגענטום פון גאַנצען פאָלק און מ׳מוז זי פערשפּרײטען צװישען אַלע פאָלקס־שיכטען, אום קײן שום יוד זאָל נישט זײן אַ הדיוט, אַ בּור.

אָבער נישט מיט בּלויז רוחניות לעבּט דער מענש. נעבּען תּורה מוזען מיר אױך זיך ערװערבּען די פערשיעדענע אַנדערע נויטװענדיגע ידיעות, װאָס זענען נויטיג פאַר אונזער פּרנסה; אַ חוץ דעם מוז מען אױך װיסען, אַז מיר לעבּען אין גלות צװישען אַנדערע פעלקער, מיט װעלכע מיר מוזען שטעהן אין אונאױפהערליכע בּעציהונגען, און מחמת דעם מוזען מיר אױך בּעזיצען די שפּראַך פונ׳ם פאָלק, צװישען װעלכען מיר װאױנען. אונזער לערנען נעהמט אַלזאָ אַרום דרײ ענינים: תּורה, װעלטליכע ידיעות און שפת המדינה.

עס איז דעריבּער קײן חדוש נישט, װאָס בּײַ אַלע אַנדערע פעלקער איז דאָס ערציהונגס־װעזען אַזאַ מין לײכטע זאַך און ענטװיקעלט זיך אױף אַזאַ נאָרמאַלען אופן, דאַגעגען בּײַ אונז קומט עס אָן אַזױ שװער אין בּיטער: װאָרום זײ, די נישט־יודישע פעלקער, האָבּען צו ערציהן זײערע קינדער נאָר אױף אײן געבּיעט, נעמליך צו בּעקענען זײ מיט װעלטליכע ידיעות, װעהרענד מיר האָבּען דאָ אַ דאָפּעלטע אַרבּײט: למודי־קודש און למודי־חול.

בּיז יעצט האָט זיך אונזער פאָלק צעטײלט אױף צװײ לאַגערן. אײן טײל יודען האָבּען ערצױגען זײערע קינדער בּלויז אױף װעלטליכע ידיעות, זײ אַרײנגענבּע

אין גימנאַזיומס, געשיקט אין די אוניווערסיטעטען. די־
דאָזיגע קינדער האָבען דאַדורך באמת געמאַכט גוטע
קאַריערעס, זענען פערזיכערט געװען מיט פרנסה, אָבער
דערפאַר זענען זיי װייט־װייט אַװעק פון דער תורה, פון
יודענטום, און לעבען יעצט אין א גאַנץ פרעמדער אַט־
מאָספערע. װידער די אָנהענגער פון צװייטען לאַגער
האָבען זייערע קינדער גאָר נישט געלאָזט לערנען קיין
למודי־חול, אַזוי אַז װען דיזאָזיגע קינדער זענען ארויס
אויף דער ברייטער װעלט און האָבען נישט געהאַט די
געהעריגע ידיעות אום אויף זייערע לעבענס־מיטעל צו
פערדיענען, זענען זיי געצװאונגען געװען זיך צו נעהמען
צו נישט־עהרליכע געשעפטען, אָדער זענען בכלל געבליבען
אָהן ברויט און פרנסה.

נאַטירליך, זענען ביידע דאָזיגע װעגען נישט אויס־
געהאַלטען. און מיר מוזען אויסמייד'ען די פעהלערן פון
ביידע לאַגערן. מיר מוזען יעצט שאַפען אַ מין פעראיי־
ניגטע פלאַטפאָרם, א פעראייניגטען װעג, נעמליך, צו
ערציהען א רעליגיעזען דור, אַ דור מיט תורה ותלמוד,
װעלכער זאָל אָבער אויך בעזיצען אַלע נויטװענדיגע
װעלטליכע ידיעות, א דור, װעלכער זאָל בעשטעהן פון
יודען און מענשען צוזאַמען, ריכטיגער געזאָגט,
פון „יודען", װאָרום דאָסדאָזיגע װאָרט אַליין איז שוין
כולל אין זיך אויך די ערהאַבענסטע אייגענשאַפטען פון
מענש. מיר מוזען יעצט גרינדען חדרים און שולען,
אין װעלכע עס זאָלען געלערענט װערען אין אַ געניגענדער
מאָס למודי־קודש און למודי־חול.

דאָס חדר ברויך בעשטעהן פון זיעבען מחלקות; אין
יעדער מחלקה לערנען די תלמידים רעגעלמעסיג א יאָהר.

די ערשטע מחלקה איז בעשטימט פאַר 6-יעהריגע קינדער (פאַר יונגערע דאַרפען געגרינדערט ווערען פרעבעל-שולען, גני-ילדים). אין די ערשטע צוויי מחלקות דאַרפען די קינדער זיצען אין חדר פון ניין אַזייגער אינדערפריה ביז האַלב צוויי נאָכמיטאָג. בסך הכל אַלזאָ 27 שעה א וואָך. פון דער דריטער מחלקה אָן און ווייטער זאָלען די קינדער צוריקקומען אין חדר אויך נאָכמיטאָג און די למודים זאָלען נאָך פאָרקומען אויך פון דריי אַזייגער בייטאָג ביז זעקס פאַרנאַכט (מיט אויסנאַהם פון פרייטאָג), בסך-הכל 42 שעה א וואָך.

פאַר למודי-קודש זאָל אין דער ערשטער מחלקה אָבגעגעבען ווערען 19 שעה א וואָך; אין דער צווייטער—16 און א האַלבע; אין דער דריטער—22 און א האַלבע; אין דער פיערטער—25; אין דער פינפטער—24 און א האַלבע, און אין דער זעקסטער און זיעבעטער—צו 25 שעה אין יעדער.

דער סדר פון די למודי-קודש:

אין דער ערשטער מחלקה—: לעזען און שרייבען, שיחות פון לשון-קודש, סתם שיחות, באור התפלות, ברכת ציצית, ברכות הנהנין, בורא נפשות, די ערשטע פסוקים פון קריאת-שמע.

אין דער צווייטער—: גאַנץ בראשית און שמות, לייענען רש"י-אותיות, מבאר-זיין די לייכטערע שטעלען פון דאַוונען.

אין דער דריטער—: גאַנץ במדבר און דברים, עטוואָס רש"י, נביאים: יהושע, שופטים; דעם המשך פון באור התפלה, דינים, יודישע געשיכטע.

אין דער פיערטער—: ויקרא, רש"י, נביאים: שמואל,

מלכים; משניות: ברכות; התחלת גמרא; שריפטליכע איבונגען.

אין דער פינפטער—: נאָכאַמאָל דורכגעהן דעם גאַנצען חומש, רש"י, נביאים: ירמיה; משניות: שבת; גמרא.

אין דער זעקסטער—: ווייטער דיזעלבע למודים ווי אין דער פינפטער; נביאים: תהלים, משלי; משניות: בבא קמא, בבא מציעא; גמרא.

אין דער זיעבעטער—: דאָסזעלבע; נביאים: ישעיה; משניות: פסחים, ביצה און גיטין; גמרא.

די איבריגע צייט דאַרף אָבגעגעבען ווערען פאַר למודי־חול לויט דעם פראָגראַם, וואָס ווער פעסטגעשטעלט ווערען דורך דעם פעדאַגאָגישען ראַט.

א) דאָס חדר ברויך זיין פאַר אַלע גלייך, אָהן אונטערשיעד צווישען רייכע און אָרימע. די עלטערן טאָרען זיך נישט מישען און אויך קיין דעה נישט זאָגען אין עניני הלמוד. אַלע חדרים מוזען האָבען איין פראָ־גראַם און זאָלען שטעהן אונטער דער השגחה פון א ראַט, וועלכער האָט בכלל אַיינצואָרדנען די למודים און פערי־הערען די תלמידים פון צייט צו צייט.

ב) די אונטערריכטס־שפראַך פון חדר מוז זיין העב־רעאיש, לויט דער מעטאָדע עברית־בעברית. עס איז פשוט אַ ווערהטאָג צו זעהן, ווי אַלע פעלקער שטאָלצירען מיט זייער שפראַך און ווער עס רעדט נישט אויף זיין פאָלקס־שפראַך הייסט אַ בוגד, דאַגעגען מיר, דאָס עלי־טעסטע פאָלק, האָבען אַוועקגעוואָרפען אונזער אַלטע שפראַך, שפת תורתנו, און בענוצען זיך מיט א גלות־שפראַך. עס איז שוין געקומען די צייט להחזיר את העטרה

לױשנה, און די העברעאישע שפּראַך זאָל צוריק פּעראײ־ניגען אַלע טײלען פון יודישען פאָלק.

ג) חומש ברויך אין חדר געלערנט װערען כסדר און נישט איבערהיפּען קײן שום פּרשיות, נישט־קוקענדיג דערױף, װאָס דידאָזיגע פּרשיות אָדער פּסוקים שײנען צו זײן נישט־צוגעפּאַסט פאַר קינדער. מ'דאַרף װיסען, אַז קינדער זענען זעהר נײַגעריג, און אױב מ'בעהאַלט עטװאָס פאַר זײ, בעמערקען זײ עס תיכף ומיד און בעמיהען זיך מיט אַלע מיטלען צו דערגעהן דעם סוד בריײטער און אױספּיהרליכער. ויקרא זאָל מען לערנען צום סוף, מחמת עס זענען דאָרט פאַרהאַן זעהר שװערע סדרות.

ד) אַחוץ דעם אײנפאַכען פּשט פון פּסוק זאָל מען אױך לערנען דעם פּירוש רש"י על התורה. די בעדײטונג פון פּירוש רש"י בעשטעהט אין דעם, װאָס אין איהם זענען פאַרהאַן די ערהאַבענסטע אוצרות פון יודענטום, פול מיט יראת שמים, מיט די הײליגסטע געפיהלען, מיט ליעבע צו גאָט און צום יודישען פאָלק, און דאָס אַלץ איז דאָ אַײנגעװעבט אין די פּסוקים פון חומש. װען מיר קומען־צו למשל צום פּסוק „ואני בבואי מפּדן ארם", האָבען מיר פאַר זיך אַ גאַנץ אײנפאַכען פּסוק, װאָס לאָזט נישט איבער קײן שום בעזונדערען רושם, דאַגעגען אָבער װען מיר לערנען איהם מיט דעם בעקאַנטען פּירוש רש"י, מאַכט עס אױף אונז אַ ריזיגען גײסטיגען אײנדרוק, װעלכער בלײבט בײ אונז ביז אין די שפּעטעסטע יאָהרען. דאָסזעלבע איז אױך מיט דעם פּירוש אױף שיר השירים, װאו מיר װערען אױפגעהױבען ערגעץ װײט אין די הױכע הימלען, מיר װערען אַײנגעהילט אין אַ הײליגע אַטמאָספערע. וכדומה אין פיעל אַנדערע שטעלען.

ה) אויך פאַר מיידלעך דאַרפען געגרינדעט ווערען חדרים. דאָס זענען דאָך אונזערע קינפטיגע מוטערס, די ערציהערינס פון אונזערע קינדער, און אויך אויף זייערע מענער וועלען זיי דאָך אַ גרויסע השפעה האָבען—עס איז דעריבער אונזער חוב זיך אָבצוגעבען מיט זייער ערציהונג. אמת איז טאַקע, אַז אין די אַמאָליגע יאָהרען האָט מען אונזערע טעכטער קיין תורה נישט געלערנט, אָבער זיי האָבען דאַן אויך קיין וועלטליכע ביכער נישט געלעזען; זיי זענען בעשעפטיגט געווען מיט הויז-ווירטשאַפט, און אונטער דעם איינפלוס פון „צאינה וראינה", „מנורת המאור" און תחינות, וואָס זיי פלעגען לעזען, זענען זיי געוואָרען פרומע יודישע פרויען. דאַגעגען היינט, ווען אונזערע טעכטער לייענען שוין נישט קיין „צאינה וראינה" און דערפאַר זענען זיי עוסק מיט התמדה אין גאָר אַנדערע ביכער, אָפטמאָל גאַנץ שעדליכע, נעגען מאָראַל און נעגען דער אמונה, ווערען זיי טאַקע לגמרי דערוויטערט פון יודישקייט און יודענטום; אונזער רעליגיע איז פאַר זיי גאַנץ פרעמד, זיי האָבען נישט דעם מינדעסטען בעגריף וועגען די רעליגיעזע פליכטען, און טיילמאָל, אונטער דעם איינפלוס פון שעדליכע ביכער, לאַכען זיי זעלבסט אָב פון אַלע אונזערע הייליגקייטען. אונזערע טעכטער האָבען נישט דעם מינדעסטען בעגריף וועגען יודישע געשיכטע, די נעמען שמואל הנביא, רבי עקיבא האָבען זיי געוויס נישט געהערט, דאַגעגען זענען זיי בקי בעל-פה און אויספיהרליך אין דער ביאָגראַפיע פון מיצקעוויטש אָדער קראַשעווסקי.

אייב מיר וועלען פאַר אונזערע טעכטער נישט עפענען די ב"עטער פון דער תורה, פון אונזערע ספרים

דאַן וועלען זיי פאַר אונז לגמרי פערלוירען-געהן. מיר מוזען זיי בעקענען מיט אונזער תורה, מיט די נביאים, מיט אונזער רייכער פערגאַנגענהייט, מיט אונזער געשיכטע, זאָלען זיי זויסען, וואָס פאַר א לעבען דאָס יודישע פאָלק האָט ביז יעצט דורכגעלעבט, זאָלען זיי וויסען, פון וואַנען זיי שטאַמען, און זאָלען זיי שטאָלץ זיין מיט זייער דאָזינער אָבשטאַמונג.

איבעריגענס, אויך אין די אמאָליגע יאָהרען פלעגען אין יעדען דור זיין פרויען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט א גרויסער מאָס ידיעת התורה און זענען דאַדורך זעהר געאַכטעט געווען, ווי למשל, ברוריא די פרוי פון תנא רבי מאיר, מנוחה די טאָכטער פון רבי שמואל בן-עלי אין בבל, דעם סמ"ע'ס פרוי, די שוועסטער פון רבי ישעיה בערלין און אַנדערע.

מ'דאַרף אויך לערנען די פרויען די געהעריגע בעשעפטיגונגען און מלאכות, כדי זיי זאָלען זיין זעלבשטענדיג.

ו) מיר ווילען יעצט גרינדען חדרים — אָבער „עיקר חסר מן הספר": וואו וועלען מיר נעהמען די געהעריגע לעהר-קרעפטען? אמת איז, אַז עס פעהלען נישט ביי אונז קיין מלמדים, אָבער אפילו קיין איינער פון הונדערט איז נישט פעהיג צו זיין אומנות. מיר פערמאָגען נישט קיין פעדאַגאָגיש-אויסגעבילדעטע מלמדים, וואָס זאָלען ראוי זיין צו זייער פאַך. מיר מוזען דעריבער גרינדען אַ „בית-אולפנא למלמדים", א מין „מלמדים-סעמינאַריום", וואָס זאָל אונז אויסבילדען רעליגיעזע, פעדאַגאָגיש-פעהיגע מלמדים און לעהרער. די אויסגאַבען דערויף דאַרפען געדעקט ווערען פון „מזרחי-פאָנד", וואָרום קיין וויכטיגערער ענין פון דעם איז שוין נישט פאַרהאַן.

ז) פאַר די תלמידים, וואָס צייכנען זיך אויס אין לערנען און אין זייער אויפפיהרונג, דאַרפען בעשטימט ווערען פּרסים און אותות־כבוד.

ח) מ'דאַרף אויך גרינדען האַנדווערקער־שולען, וואו די שילער, וואָס האָבען שוין געענדיגט דאָס חדר, זאָלען זיך אויסלערנען גרינדליך וואָטער'ס'איז מלאכה. אָנדערטהאַלבען שעה אין טאָג זאָל אין די האַנדווערקער־שולען אָבגעגעבען ווערען אויף תנ"ך ודינים הנחוצים, כדי די שילער זאָלען נישט פערגעסען וואָס זיי האָבען געלערענט אין חדר.

איבערהויפּט איז עס אונזער הייליגער חוב צו זאָרגען מיט אַלע מיטלען דערפאַר, אַז מיר זאָלען האָבען אַ סך קוואַליפיצירטע בעלי־מלאכות. עס איז פשוט אַ חרפה פאַר אַ פאָלק, אַז די גרויסע מעהרהייט זאָל זיך בעשעפ־טיגען מיט מסחר. איבריגענס, אויך דער מסחר ווערט ביסלעכווייז פון אונזערע הענד אַרויסגעריסען, אונזערע שכנים ווערען סוחרים, און אונז בלייבט סיי־ווי־סיי קיין אַנדער עצה נישט ווי זיך צו נעהמען צו מלאכה.

דער פאַקט, וואָס מ'פלעגט זיך ביי אונז בעציהען צו בעלי־מלאכות מיט אַ געוויסער גרינגשעצונג, שטאַמט כלל נישט דערפון, וואָס מיר זאָלען זיך האָבען בעצויגען מיט פעראַכטונג צו דער מלאכה זעלבסט. אַדרבא. אונזער משנה לערנט אונז: „כל מי שאינו מלמד בנו אומנות, כאלו מלמדו ליסטות", און אַ פאַקט איז, אַז זעהר פיעל פון אונזערע תנאים זכרונם לברכה זענען געווען בעלי מלאכות און האָבען זיך מפרנס געווען מיגיע־כפּם. די בעלי־מלאכות פלעגט מען ביי אונז גרינגשעצען דערפאַר, ווייל ס'רוב פון זיי זענען געווען אָרים און עמי־הארצים

אין אַט דיראָזיגע אונוויסענהייט האָבען מיר פֿינד געהאַט, מיר מוזען אַלזאָ דעמדאָזיגען פֿעהלער פֿאַרריכטען; מיר מוזען זעהן ערציהען אַ דור מיט בעלי־מלאכה געלערענטע מענשען, און דאַן וועלען מיר מיט זיי שטאָלצירען.

ט) מ'ברויך אויך גרינדען ספעציעלע שיעורים אָדער קורסען פֿאַר די האַנדעלס־אָנגעשטעלטע. אויך זאָל מען פֿון צייט צו צייט איינאָרדנען פֿאַר זיי פֿאָרלעזונגען וועגען דער יודישער געשיכטע, וועגען דאָס לעבען און טעטיגקייט פֿון אונזערע גדולי האומה און בכלל זיי בעקענען מיט פֿערשיעדענע ענינים פֿון יודענטום.

י) דער למוד התורה ווערט לײדער ביי אונז פֿון יאָהר צו יאָהר אַלץ שוואַכער, די בתי־מדרשים שטעהען פּוסט און וויסט, די ספרים ליעגען ערגעץ אין אַ ווינקעל בעדעקט מיט שטויב. די סבה דערפֿון איז, וואָס די פּרנסה איז היינט געוואָרען זעהר שווער, די הוצאות דאַגעגען זענען אויסערגעוועהנליך גרויס, און מחמת דעם איז היינט פֿאַר עלטערן זעהר שווער צו האַלטען זייערע קינדער ביים לערנען. אָבער אויב דערדאָזיגער מצב זאָל חלילה אַזוי ווייטער דויערן, איז עס פֿאַר אונז זעהר אַ גרויסע געפֿאַהר, מחמת אונזער פֿאָלק האָט זיך נור געהאַלטען אויף זיינע גייסטיגע יסודות, און הויפּטזעכליך אויף דעם איבעראַל־פֿערשפּרייטען למוד־התורה, און מיט'ן מאָמענט, וואָס מיר וועלען ווערען בורים, עמי־הארצים, הערען מיר חלילה אויף צו עקזיסטירען; דאָס איז פֿאַר אונז דער גייסטיגער אונטערגאַנג, „שדיפת נשמה וגוף קיים". אַלע אונזערע קרעפֿטען מוזען מיר אַלזאָ אָנווענדען, אז די תורה זאָל חלילה נישט פֿערגעסען ווערען ביי אונז,

מיר מוזען אַלזאָ מייסד־זיין ישיבות, בתי־אולפנא, וואו די תלמידים, וואָס געהען־אַרויס פון חדר און ווילען ווייטער לערנען, זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו לערנען שיעורים בעיון גמרא ופוסקים; פאַר דידאָזיגע ישיבה־בחורים דאַרף געזאָרגט ווערען, אַז זיי זאָלען זיין מאַטעריעל געזיכערט בדרך־כבוד. די ישיבה דאַרף ערציהען אונזערע קינפטיגע רבנים, די ראשי־מתיבתא, מורי־הוראה און סתם לומדים; גלייכצייטיג זאָלען די בחורים אין דער ישיבה זיך פערפאָלקאָמען אויך אין וועלטליכע למודים, וואָס זענען נויטיג פאַר יעדען מענש אַלס מענש.

ווי געזאָגט, מוזען די ישיבה־בחורים אויסגעהאַלטען ווערען בדרך כבוד, פון קופת־הקהל, כדי זיי זאָלען נישט זיין געצוואונגען זיך צו ווענדען נאָך הילף צו פריוואַט־פערזאָנען. עס איז קיין ספק נישט, אַז דאָס, וואָס פיעל אונזערע רבנים בעזיצען אַזאַ שוואַכען כאַראַקטער און האָבען נישט די דרייסטקייט זיך געגענצושטעלען די פערשידענע תקיפים, שטאַמט טאַקע דערפון, וואָס זיי זענען תמיד געצוואונגען געווען אָנצוקומען צו הילף פון פריוואַטע מענשען, זיי זענען געווען איינפאַך „מקבלים", און אַלס אַזעלכע האָבען זיי זיך ממילא געמוזט פערהאַלטען הכנעה־דיג, אָהן דער געהעריגער פעסטקייט און שטאָלץ. עס איז אַלזאָ אונזער חוב צו שטיצען אונזערע לומדי תורה בדרך כבוד.

יא) אין די גרעסערע שטעדט דאַרף מען אויך גרינדען אַלגעמיינע מיטעל־שולען, וואָס זאָלען טראָגען אַ רעליגיעזען כאַראַקטער. עס זאָלען דאָרט צוויי שעה טעגליך געלערענט ווערען תורה, נביאים און דינים הנחוצים; פאַר די, וואָס ווילען, זאָל אויך געלערענט

ווערען גמרא. דער עיקר איז אַכטונג צו געבען, אַז די תּלמידים זאָלען זיך אויפפיהרען רעליגיעז און מקיים-זיין די מצוות ודינים.

יב) איינע פון אונזערע הויפט-פליכטען איז, איינ-צוואָרצלען אין אונזערע קינדער מדות טובות און אָבּ-געוועהנען זיי פון די שלעכטע גלות-מדות, ווי: עזות, חוצפא, מבטל-זיין דעם צווייטענס מיינונג אָהן שום מאָטיווען, רייצען זיך, די נייגונג צו בּעהויפּטען תּמיד „איפכא מסתּברא", אונאָרדנונג וכדומה. איך וויים נישט וואָסער ספר המדות וואָלט געווען אַמבּעסטען צוגעפּאַסט צו לערנען יודישע מאָראַל, עטיק און מדות דרך-ארץ. דאָס ספר „קצור הדעות" פון רלב"ג איז נישט צוגעפּאַסט צום גייסט פון יונגע קינדער: מ'דאַרף אַלזאָ אויף דעמ-דאָזיגען געבּיעט צוזאַמענשטעלען אַ ניי ספר.

יג) מ'דאַרף אויך אַכטונג געבען דערויף, אַז די חדרים און די בּתּי-הספר זאָלען געהאַלטען ווערען ריין און היגיעניש. די תּלמידים דאַרפען האַלטען ריין זייער קערפּער און מלבּושים. מ'בּרויך די תּלמידים אונאויפהערליך אָנווייזען דערויף, אַז ריינהייט פערהיט פון אַ סך שלאַפּ-קייטען, און אַז מ'דאַרף נישט גרינגשעצען אויך די אויס-סערליכע שענהייט, וואָרום אויך מיר האָבּען תּמיד געהאַט אַ זין פאַר ) עסטעטיק און נור דער גלות האָט אין אונז פערטויבּט דעמדאָזיגען עסטעטישען חוש, וועלכען ס'מוז היינט צוריק אין אונז ערוועקען.

יד) מיר בּרויכען ערציהען אַ געזונטען דור מיט שטאַרקע מוסקולען און האַלטען פונ'ם בּעקאַנטען כּלל: „אין אַ געזונטען קערפּער וואוינט אַ געזונטע נשמה". עפּיס איז בּיי אונזער המון פערשפּרייט אַ נאַרישע מיינונג,

אַז עס איז נאָר אַנ'עהרע פאַר אַ מענש אויסצוזעהן שוואַך, אויסגעדאַרט, און אַז דאָס שוואַכע אויסזעהן איז אַ סימן פון הייליגקייט און צדקות. מיר מוזען אויסדריקען אונזער העפטיגסטען פראָטעסט געגען דערדאָזיגער נאַרישער מיינונג. ווער עס איז שוואַך קערפּערליך, איז אויך גייסטיג שוואַך. אונזערע קינדער בּרויכען צו פערבּרענגען זייער צייט אויף דער פרייער, פרישער לופט, שפּאַצירען אָפט הינטער דער שטאָדט, מאַכען גימנאַסטישע איבּונגען. מיר זענען אַמאָל אַ שטאַרק פאָלק געווען און אַ שטאַרק פאָלק וועלען מיר אויך זיין. חזק ונתחזק!

טו) איינע פון אונזערע אויפגאַבּען דאַרף אויך זיין אַרויסצוגעבּען די נעהעריגע צאָהל ספרי-למוד און ספרי-מקרא, ווי אויך פּאָפּולערע בּראָשורען און ערצעהלונגען פאַר די יוגענד, אַ שטייגער ווי די ערצעהלונגען פון ד"ר לעהמאַן זכרונו לברכה, וואָס זענען פול מיט ליעבּע צו אונזער תורה און טראַדיציע. דערדאָזיגער פערלאַג דאַרף זיך געפינען אונטער דער השגחה פון אַ ועד-בקורת און נור מיט זיין ערלויבּניש זאָלען די בּיכער געדרוקט ווערען.

טז) ענדליך וויל איך אויך צוגעבּען, אַז אויבּ מיר ווילען בּאמת, דאָס אונזערע קינדער זאָלען זיין בּאמת פרומע יודען, זענען מיר נאָכנישט יוצא דערמיט, וואָס מיר שיקען זיי אין רעליגיעזע חדרים און לערנען בּיי רעליגיעזע מלמדים. נאָר מיר מוזען אויך אונזער הויז-לעבּען פיהרען בּרוח-התורה, כּדי דאָס קינד זאָל נישט זעהן קיין סתירה צווישען דעם פּראַקטישען לעבּען אין דער היים און די למודים פון חדר און שולע. דאָס פּראַקטישע לעבּען האָט מעהר השפּעה אויף דעם קינד ווי אַלע לעהרען.

די פרייזיניגע פערזאָנען וואנדערן זיך תמיד אויף די פרומע יודען, ווי אַזוי זיי זענען דאָס אימשטאַנד מקיים צו זיין די גאַנצע תורה, ס'טייטש, אַזוי פיעל מצוות און דינים און דקדוקים! עפּיס דאַכט זיך זיי, אַז די פרומע לעבען ווי געבונדענע אין קייטען און האָבען נישט קיין שום פערגניגען פון לעבען. אָבער דידאָזיגע מיינונג איז דורך־און־דורך אַ פאַלשע. אין דער וועלט זענען פאַרהאַן צוויי גייסטיגע מאָמענטען: געוועהנהייט און ליעבע. אַ זאַך, צו וואָס דער מענש געוועהנט זיך צו פון קינדרווייז־אויף און צו וואָס ער פיהלט אַ טיעפע ליעבע, איז זעהר לייכט צו דערטראָגען. אונזערע עלטערן זענען פון זייערע פריהעסטע קינדער־יאָהרען צוגעוועהנט געוואָרען מקיים צו זיין די מצוות־התורה און האָבען אויך געפיהלט צו זיי אַזאַ טיעפע ליעבע און אַזאַ אינערליכע איבערגעבענהייט, אַז נישט נור די מצוות זענען נישט געוועזען פאַר זיי לעול ולמשא, נאָר פערקעהרט, יעדע מצוה פלעגט אין זיי אַריינגעבען די אמת'ע לעבענס־פרייד, די וואַהר'ע שמחת־החיים. אויך אונזערע קינדער דאַרפען מיר פון קינדרווייז־אויף צוגעוועהנען צום רעליגיעז־יודישען לעבען און אויך איינפלאַנצען אין זיי אַ הייסע ליעבע צים יודענטום און זיינע לעבענס־געזעצען — און דאַן וועלען זיי אונזערע טראַדיציאָנעלע פליכטען ערפילען מיט חשק און שמחה.

יז) ברידער! איהר האָט דאָ אויסגעהערט אַ ר״ע־פעראַט מיט פערשיעדענע פּראָיעקטען. אָבער וויסען זאָלט איהר, אַז אַלץ איז אָבהענגיג פון אייך זעלבסט. אויף אייך ליעגט דער חוב צו פערווירקליכען אין לעבען די אַלע דאָזיגע שענע פלענער. דער מאָמענט איז וויכטיג און

היילינ. מיר שטעהען אויף דער שוועל פון אַ נייער עפּאָ-
כע. אונזער תּורה, אינזער אמונה רופט צו אינז: „נעהמט
אייך צו דער אַרבּייט!" מיר מוזען עוסק-זיין אין חיי-עולם,
אַ פאָלק שטעהט-אויף צו אַ ניי לעבּען, און דער הויפּט-
יסוד פון יערען פאָלק, דער אלף און תּיו פון זיין עקזיס-
טענץ, איז די ערציהונג פון זיין קינפטיגען דור. לאָמיר
צוטרעטען צו דער גרויסער אַרבּייט מיט פעראייניגטע
קרעפטען, קיין איינער פון אונז טאָר נישט פעהלען, קיינער
טאָר נישט זיצען מיט פערלעגטע הענד. קיין שום געלד-
קאָסטען דאַרפען נישט זיין פאַר אונז צו-טייער, וואָרום
דאָ האַנדעלט זיך וועגען דער עקזיסטענץ פון פאָלק.
עטוואָס גרויסעס מוזען מיר שאַפען. עת לעשות! עס איז
אַ מאָמענט פון מעשים! „דבר אל בני ישראל ויסעו!",
„וכל בניך למודי ה'", ווען אונזערע קינדער וועלען זיין
מלומדי תּורה און אנשי חיל, דאַן — „ורב שלום בניך",
וועט דאָס גאַנצע פאָלק זיך ענטוויקלען און פריעדען,
„אל תקרי בניך, אלא בוניך"—דאַן וועט דאָס יודישע פאָלק
אויפגעבּויט ווערען.



## ב) הרב ד״ר שמואל־אברהם פאזנאנסקי.

אין יענער צייט, ווען די רוימער האָבען בעלאַגערט ירושלים פון אלע זייטען און די יודישע חכמים האָבען זיך איבערצייגט, אַז וועגען רעטען די שטאָדט קאָן נאָר קיין רייד נישט זיין, איז רבי יוחנן בן־זכאי אַרויס פון דער בעלאַגערטער הויפּט־שטאָדט און קומענדיג פאַר דעם רוימישען מיליטער־אָנפיהרער, אַספּסינוס, האָט ער איהם געבעטען: „תן לי יבנה וחכמיה!“ אַספּסינוס האָט דיזאָזיגע ביטע ערפילט. דערדאָזיגער טיראַנישער, גרויזאַמער מיליטער־אָנפיהרער האָט ביי זיך געוויס זיך אויסגעלאַכט פון׳ם אַלטען יודישען חכם, וואָס האָט אין אַזאַ ערנסטע פּאָליטישען מאָמענט נישט געהאַט צו בעטען נור וועגען עפּיס אַזאַ נאַרישקייט. אָט האָט ער, אַספּסינוס, שוין הרוב געמאַכט כמעט דאָס גאַנצע יודישע לאַנד, און אויך די הויפּט־שטאָדט האַלט שוין אַ ליאַדע טאָג ביים גענומען־ווערען; אָנשטאָט אַלזאָ צו בעטען רחמים פאַר זיין איינגעלענקטער פאָלק, בעט ער פאַר די ערלויבעניש ערגיץ איבערצוטראָגען זיין בית־מדרש, זיין ישיבה! יאָ, דערדאָזיגער רוימישער זיעג־רייכער מיליטער־אָנפיהרער, וועלכער האָט זיך געשטיצט אויף זיין שמאַרקער שווערד, אויף זיינע צאָהל־רייכע לעגיאָנען, האָט נאַטירליך די מינדעסטע אַהנונג נישט געהאַט, אַז אָט דאָס יודישע בית־מדרש, די יודישע ישיבה וועט צעשמעטערן אויף שטיקלעך די מעכטיגע רוימישע אימפּעריע, אַז דאָס יודישע

פאָלק וועט מיט זיין גייסט מנצח־זיין און איבערלעבען די ריזיגםטע וועלט־מלוכות.

אין אַלע דורות און אין אַלע לענדער איז דאָס בית־מדרש געווען דער זיכערסטער מקום־מקלט פאַר דעם יודישען פאָלק; דאָס בית־מדרש איז געווען דער הויפט־יסוד פון יודישען לעבען, דאָ פלעגט דאָס יודישע פאָלק אַלע שטערונגען בייקומען, דאָ האָט עס געוויזען, אַז עס איז אַ וועלט־פאָלק, אַנ׳אייביג פאָלק. „כל־זמן שקולו של יעקב מצפצף בבתי־כנסיות ובבתי־מדרשות, אין הידים ידי עשו״. עשו׳ס הענד זענען, אמת, אַפילו קיין איין רגע נישט געווען לעדיג, אַיך יעצט אַרבייטען זיי אויף אונזער רוקען, תמיד זענען די ידי־עשו גרייט צו פערניכטען די זרע־של־יעקב, אָבער כל־זמן אונזערע בתי־מדרש שטעהען פעסט, וועט עשו קיינמאָל נישט דערגרייכען זיין טייוולאָנישען ציעל.

און אויב דאָסדאָזיגע איז געווען „בשעת פזור״, אויב אין יענעם געפאַהר־פולען מאָמענט, ווען עס האָט זיך געראַכט, אַז אָט אָט געהט דאָס יודישע פאָלק לגמרי אונטער, ווען דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרען און אונזער לאַנד איז פערוואַנדעלט געוואָרען אינ׳ם שונא׳ס אייגענטום, האָט דאָס בית־המדרש די פולקאָמע הילף געבראַכט און דאָס יודישע פאָלק פון פערניכטונג אָבגע־ראַטעוועט, טאָ ווי נויטיג זשע איז צו גרינדען בתי־מדרש היינט, „בשעת כנוס״, היינט, ווען אונזערע האָפנונגען האַלטען ביים פערווירקליכט ווערען, ווען מיר קאָנצענ־טרירען אַלע אונזערע כחות אויפצובויען אונזער היים אין אונזער אַלט־נייער ארץ־אָבות, אויפצובויען זי אויף פעסטע, אייביגע יסודות. אונזער פאָלק איז אַ פאָלק פון

גייסט, אַנ'עם־הספר, און וואָס פאַר אַ פאָרם זיין קינפטיג לעבען זאָל נישט האָבען, וועט זיך עס אָבער קיינ־מאָל נישט־ענטוויקלען אָהן אַ בית־הספר, אָהן אַ בית־מדרש. דאָס בית־מדרש וועט אויף אייביג פערבלייבען דער הויפט־פונדאַמענט, דער „אבן פנה", אויף וועלכען עס וועט זיך שטיצען אונזער נאַציאָנאַל לעבען. קיין שום ווינטען וועלען איהם פון זיין דאָזיגען אָרט נישט אַוועק־ריהרען, קיין שום קראַפט אין דער וועלט וועט נישט קאָנען אין איהם ענדערן דעמדאָזיגען הויפט־שטריך פון זיין כאַראַקטער.

אָבער אויך מיט עטוואָס אַנדערש שיידט־זיך אונזער פאָלק'אָב פון אַנדערע פעלקער, נעמליך, דערמיט, וואָס ביי אונז האָט דאָס שול־לעבען, די צייט פון לערנען זיך נישט געענדיגט מיט דעם בית־ספר, מיט די יוגענד־יאָהרען; אַלע אונזערע יאָהרען, פון דער פריהעסטער יוגענד־צייט ביז אין דער שפּעטעסטער עלטער, האָבען מיר אין בית־מדרש פערבראַכט. „והגית בה יומם ולילה", דער למוד־התורה איז נישט עפּיס אַ מצות עשה שהזמן גרמא; ביז דעם מאָמענט ווען ער הויכט־אויס זיין לעצטען לעבענס־אָטעם, איז דער יוד, דער יודישער יוד, מחויב בלמוד התורה.

מיר אָבער ווילען דאָ אַרומרעדען די חנוך־פראַגע און מחמת דעם מוז איך אויך צוגעבען, אַז אונזער פאָלק איז געוועזען דאָס ערשטע אויף דער וועלט, וואָס האָט שוין אין די אַלטע צייטען, אין די צייטען פון כהן־גדול יהושע בן־גמלא, איינגעפיהרט די אַלגעמיינע שול־פּליכט, דעם אַלגעמיינעם למוד־חיובי. „כל עיר שאין בה בית־ספר מחרימין אותה", און נישט נור מ'האָט זי, דידאָזיגע

שטאָדט אָהן בית־ספר, געמוזט לעגען אין חרם, נאָר זי זעלבסט איז געווען ווי אָבגעשיידט פון אַלע אַנדערע יודישע שטעדט. איבריגענס, עס איז קיין ספק נישט, אַז אויך ווענן דערדאָזיגער מצוה קאָן מען בעשטימט זאָגען „לא היה ולא עתיד להיות”, עס איז געוויס נישט געווען קיין איין שטאָדט, קיין איין קהלה, וועלכע מ'האָט ערשט געדאַרפט צווינגען, אַז זי זאָל גרינדען ביי זיך אַ בית־ספר. וואָרום דער כאַראַקטער פון אונזערע חוקי התורה והתלמוד איז אַזעלכער, אַז מ'דאַרף נישט דראָהען מיט ברוטאַלע מיטלען, מיט שוטרים און געלד־בעשטראָפונגען, נור מ'ערפילט זיי מאהבה, דורך דעם אינערליכען פליכטס־געפיהל. „וכל בניך למודי ה'”, דערדאָזיגער ערהאַבענער אידעאַל האָט תמיד געשוועבט פאַר אונזערע אויגען, איהם האָבען מיר אונאויפהערליך אָבגעהיט און ער איז אויך אונזער הילף געווען.

די חנוך־פראַגע איז איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען אין אונזער יודישער וועלט, וואָרום דערפון איז אָבהענגיג אונזער גאַנצע צוקונפט. אַ נייע לעבען הויבט זיך יעצט אָן איבעראַל, איבעראַל אין אַלע לענדער, און בפרט דאָ ביי אונז אין פוילען. דער קאַמף פאַר אונזער עקזיסטענץ ווערט מיט יעדען טאָג אַלץ שווערער און העפטיגער, און מיר מוזען שטעהן אויף דער וואַך אום צו קעמפען פאַר אונזער עקזיסטענץ, פאַר אונזערע רעכט; מיר מוזען זיך יעצט פעסט אָרגאַניזירען און זיין צוגעגרייט צו אונזער ליכטיגער, האָפנונגס־פולער צוקונפט אינ'ם הייליגען לאַנד.

עס איז דעריבער די פראַגע: וואָס פאַר אַנ'ערציהונג האָבען מיר צו געבען אונזער יונגען דור? ווי אַזוי גרייט מען איהם צו צו זיינע דאָזיגע ערהאבענע פליכטען? און

איבערהויפּט — ווי אַזוי גיט מען אונזער קינפטיגען דור גלייכצייטיג אַ יודישע און אויך אַנ'אַלגעמיין-מענשליכע ערציהונג? ווי אַזוי מיידט מען אוים די פעהלערן פון אינזערע ברידער אין די מערב-לענד'ער, וואָס נעהמענדיג זיך צו אַלגעמיינער בילדונג זענען זיי לגמרי אַוועק פון למוד התורה? — אָט דידאָזיגע פראַגע דאַרפען מיר בעהאַנדלען זעהר ערנסט. מיר מוזען זיך זעלבסט קלאָר מאַכען די גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס ליעגט אויף אונז. אונזער שטרעבונג דאַרף זיין צו ערציהען אַ נייעם דור, אַ געזונדטען קערפּערליך און גייסטיג, אַ דור, וואָס זאָל קאָנען פיהרען זיין לעבענס-קאַמף, וואָס זאָל וועלען און קאָנען אַראָבוואַרפען פון זיך די גלות-קייטען, וואָס זאָל מיט פעראַכטונג זיך בעציהען צו די אַלע טרויריגע און קנעכטשאַפטס-פולע גלות-ערשיינונגען, אָבער גלייכצייטיג זאָל עס זיין אַ דור, געטריי לעמו ולתורתו, אַ דור, וואָס די תורה זאָל זיין פאַר איהם אַ סם-חיים, וואָס זאָל ווייטער שפינען אונזער ערהאַבענע טראַדיציע, וואָס זאָל קענען אונזער הייליגע לעהרע, וואָס זאָל שעפּען די אמת-יודישע קולטור פון איהר ערשטען אור-אַלטען קוואַל, וואָס דידאָזיגע קולטור זאָל זיין ביי איהם דאָס אינערליכסטע פון זיין נשמה, פון זיין יודישער נשמה, אַ דור, וואָס זאָל אין זיך פעראייניגען די יודישע קולטור מיט דער אַלגעמיינער קולטור, די טעאָריע מיט דער פּראַקטיק, די מלחמת-החיים מיט דער מלחמת-מצוה, און דידאָזיגע פעראייניגונג זאָל זיין אַ נאַטירליכע, אַנ'אינערליכע.

קודם-כל לאָמיר בעטראַכטען אונזער שול-וועזען. פונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, האָבען אויך מיר, און בעזונדערס די פרום-רעליגיעזע קרייזען, דריי מינים שולען,

בתי־ספר: אָנפאַנגס־שולען—חדרים, מיטעל־שולען — בתי־מדרש, און העכערע לעהר־אַנשטאַלטען — ישיבות. וועגען די ערשטע האָט שוין רעפערירט דער געעהרטער סטאַשאָווער רב, וועלכער האָט גלייכצייטיג בעהאַנדעלט די פראַגע וועגען האַנדווערקער־שולען, וועגען קורסען פאַר האַנדעלס־אָנגעשטעלטע וכדומה. מיר איז איבערגעבליבען צו בעהאַנדלען די ענינים, וועלכע מיין פאָר־רעדנער האָט בעריהרט נור דרך־אגב. אָבער איידער איך וועל בעהאַנדלען די אַלע ענינים, מוז איך צוערשט אַרומרעדען אונזער ביז־העריגע חנוך־מעטאָדע איבערהויפט. איך מיין, אַז אין די אַלע פערשיעדענע בתי־ספר זענען פאַרהאַן פיעל חסרונות, וועלכע מ'מוז דורכאויס פערריכטען, אַלזאָ: א) עס איז נישטאָ קיין שום פּלאַן און אָרדנונג אינ'ם בית־ספר און אינ'ם חנוך; ב) די בעציהונג צווישען די למודי־קודש און למודי־חול איז אַנ'אוננאַטירליכע; ג) דער אויסטערלישער אונטערשיעד צווישען חנוך הבנים און חנוך הבנות; ד) עס פעהלען די נעהעריגע מלמדים און מנהלים, וואָס זאָלען זיין פּעדאַגאָגיש אויסגעבילדעט און פעהיג צו זייער אומנות. איך וועל דאָ די אַלע חסרונות בעהאַנדלען אויספיהרליכער.

א) פּלאַן־און אָרדנונגס־לאָזיגקייט.

אין די עניני הלמוד שטיצט זיך די אָרדנונג אויף צוויי הויפּט־זאַכען: אויף אַ גוט־צונויפגעשטעלטען פּראָגראַם און אויף דעם סיסטעם צו לערנען „מן הקל אל הכבד". אָט אַדאַנק דידאָזיגע צוויי זאַכען איז מעגליך צו ערלערנען אין אַ קורצער צייט זעהר פיעל ענינים, מחמת מ'לערנט אַלץ מיט אַ סדר און אָרדנונג און עס ענטשטעהט נישט קיין מיש־מאַש אין מוח. שוין אונזערע חכמים זכרונם

לברכה האָבּען אינז געלערנט, אַז מיר זאָלען זיך האַלטען בּיי דערדאָזיגער אָרדנונג: „בּן המש למקרא, בּן עשר למשנה וכו׳". לײדער אָבּער ווייסען מיר, אַז אין אַלע אונזערע לעהר-אַנשטאַלטען, אין די חדרים און בּתי-מדרשים ווי אויך אין די ישיבות, איז בּיז יעצט אַזאַ סדר כּלל-נישט געווען, עס איז אויך נישט געווען קיין שום פעסטגעשטעלטער פּראָגראַם, און בּכלל האָט מען נישט פערשטאַנען, אַז איינער געהט אַריין אין וואָסער-עס-איז בּית-ספר, מוז ער פון פריהער שוין עטוואָס קענען, אַז יעדער ענין מוז געלערענט ווערען אין אַ בּעזונדערער בּעשטימטער שעה, אַז אין איין יאָהר לערענט מען ד׳י למודים און אין צווייטען יאָהר אַנדערע למודים וכדומה. אמת איז, אַז מיר האָבּען יאָ כּלומר׳שט עפּיס אַ פּראָגראַם, מ׳לערנט יאָ לויט אַ געוויסער הדרגה, צוערשט אַלף-בּית, נאָכהער עברי, נאָכהער חומש, נאָכהער גמרא. אָבּער אין דעם אַלעם פעהלט דער אינערליכער לאָגישער צוזאַמענהאַנג. געוועהנליך איז מען זיך אומעטום בּיי אַלע אומות העולם נוהג, אַז אַ קינד לערנט מען לייענען און פערשטעהן צוערשט זעהר לייכטע זאַכען, נאָכהער עטוואָס שווערערע און אַזוי ווייטער כּסדר, אַלץ העכער און העכער. בּיי אונז אָבּער געהט מען נאָר פערקעהרט „מן הכּבד אל הקל", מ׳הויבּט-אָן פון עפּיס גאַנץ שווערע און ווייטע ענינים און מ׳געהט בּיסלעכווייז אָיבּער צו נעהנטערע און לייכטערע. אַ פאַקט איז, אַז שוין רבי שבתי שעפּטעל הורוויץ, דער זוהן פון של״ה, בּעקלאָגט זיך אין זיין ספר „ווי העמודים" אויף דערדאָזיגער פּלאַן-לאָזיגקייט און מיט קנאה רעדט ער וועגען דעם סדר, וואָס הערשט אין די חדרים פון אַמסטערדאַם. זייט יענער

צייט זענען שוין פאַרביי מעהר ווי דריי הונדערט יאָהר. און דערדאָזיגער מצב נישט נור וואָס ער האָט זיך נישט פערבעסערט, נאָר ער איז אין פיעל פרטים נאָך פיעל ערגער געוואָרען. מיין געעהרטער פאָר־רעדנער האָט פאַר אונז פאָרגעשטעלט אַ פראָגראַם פאַר חדרים, אָבער אַ פראָגראַם דאַרף אויך איינגעפיהרט ווערען אין די בתי־מדרשים און ישיבות, וועגען וועלכע כ'וועל נאָך רעדען. דער עיקר איז, מיר זאָלען זיך ערנסט פעראינטערעסירען מיט דעם ענין, מיר זאָלען וויסען, אַז מ'מוז דאָ זעהר פיעל מתקן־זיין, אַז מ'מוז געהן לויט אנ'אָנגעוויזענעם וועג, אַ נישט—וועלען מיר אויך ווייטער בלאָנדזשען אין דער פינסטער און אונזער קינפטיגער דור וועט הילפלאָז זיין.

ב) למודי־קודש און למודי חול. עס איז גאַנץ מערקווירדיג: טראָץ דעם, וואָס אין ס'רוב אונזערע חדרים און ישיבות האָט מען ביז יעצט געלערנט נור למודי־קודש, דאָך איז אַ פאַקט, אַז עס זענען גאַנץ ווייניג פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס זאָלען באמת קענען די אַלע עניני היהדות, וואָס זאָלען גרינדליך בעזיצען די־אַלע ידיעות, וואָס מאַכען דעם יוד פאַר אַ יוד אין פולען זין פון וואָרט, און דאָס איז נישט־נור דערפאַר, וואָס די אַלע למודים ווערען געלערנט אָהן שום סדר, נאָר אויך דערפאַר, וואָס אַ סך עניני היהדות זענען היינט, אזוי צו זאָגען, אנ'אינבעקאַנט פעלד, קיינער לערנט זיי גאָר נישט. אָבער ביי דברי־תורה איז יעדעם געביעט אָבהענגיג פונ'ם צווייטען, כל האומר אין לי אלא תורה, אפילו תורה אין לו. די יודישע למודים אין אונזערע חדרים, בתי־מדרשים און ישיבות נעהמען־אַרום על פי רוב: לעזען און עטוואָס שרייבען העברעאיש, תנ"ך אין אַ גאַנץ בעגרענעצטער

מאָס, תלמוד בבלי, ס'רוב לויט דער מעטאָדע פון פלפול, עטוואָס דינים פאַר מתחילים, און פוסקים פאַר די בית־מדרש־און ישיבה־בחורים. אָבער, ווי געזאָגט, זענען פאַרהאַן אַ סך יודענטום־געביטען, מיט וועלכע קיינער בעשעפטיגט זיך נישט, און אויב טייל בית־מדרש־און ישיבה־בחורים זענען מיט זיי יאָ בעקאַנט, האָבען זיי זיך דיזאָזיגע ידיעות ערוואָרבען אויסער דעם בית־מדרש, און דאָס אויך נישט רעגעלמעסיג.

איך וויל דאָ געבען אַ פּאָר ביישפּיעלען.

דאַכט זיך—אַלע ספרים, אין וועלכע מ'לערענט, אָנהויבענדיג פון אַלף־בית און ענדיגענדיג מיט גמרא און פוסקים, זענען דאָך געשריבען אויף העברעאיש, און פונדעסטוועגען זענען פאַרהאַן אַ סך לומדים און רבנים, וואָס קאָנען נישט אויסדריקען זייערע געדאַנקען אין דער־דאָזיגער שפּראַך, מחמת זיי האָבען נישט געלערענט קיין העברעאישען דקדוק, קיין סטיליסטיק, זיי האָבען זיך נישט בעקענט מיט איהר ליטעראַטור. און דאָסדאָזיגע געשעהט אין אַ צייט, ווען די העברעאישע שפּראַך לעבט־אויף, ווען אין ארץ־ישראל איז זי די אומגאַנגס־שפּראַך זאָגאַר פון קליינע קינדער, ווען דידאָזיגע שפּראַך דאַרף זיין לעבעדיג ביי יעדען יוד, ביי יעדען, וואָס וויל דעם נאָמען „יוד" טראָגען. אמת, אונזערע קינדער און אויך די בחורים לערנען חומש, אָבער נביאים וכתובים לערנען זיי נישט, און אויב זיי לערנען עס יאָ, טהוען זיי עס נישט לויט דעם פשוטו של מקרא, נאָר זיי זענען מעקם את הכתובים. טראָץ דעם, וואָס נישט נור יעדער תלמיד־חכם, נאָר אייך יעדער יוד מוז קענען גוט תנ"ך. די כתבי הקודש זענען אונזער לעבענס־גייסט, אונזער נשמה; און

יוער עס קען זיי נישט, ווער עס האָט נישט איינגעזאַפּט אין זיך די נאומי הנביאים, וואָס בערוהיגען די נשמה און שטאַרקען דעם גייסט, דער איז ווייט, זעהר ווייט פון אַלעם, וואָס איז אונז הייליג און טייער.

דאָסזעלבע איז אויך מיט אונזער געשיכטע. אונזערע קינדער האָבען מעגליך געהערט די נעמען פון ירבעם־בן־נבט און צדקיהו־המלך, ווייסען פיליכט, ווער עס האָט חרוב געמאַכט דעם בית־ראשון און ווער דעם בית־שני, אָבער די אַלע ידיעות זענען ביי זיי זעהר נישט קלאָר, דונקעל, עפּיס אַ מיש־מאַש הערשט ביי זיי, מחמת אין חדר האָבען זיי זיך מיט אונזער גרויסער פערגאַנגענהייט נישט בעקענט, האָבען נישט קענען געלערענט אונזערע גייסטיגע פיהרער שבכל דור ודור, האָבען נישט ערוואָרבען די מינדעסטע ידיעות וועגען די בעדייטענדסטע געשעהענישען אין אונזער געשיכטע. „זכור ימות עולם ובינו שנות דור ודור", בעטראַכט אונזער פערגאַנגענהייט און איהר וועט פערשטעהן, אַז דאָס יודישע פאָלק איז אַ מעכטיג פאָלק. איבעראַל, וואו עס איז פערטריבען געוואָרען, —שכינה היתה עמהן, קיין שום קראַפט קאָן אונז נישט פערניכטען, מיר לעבען תמיד ווידער אויף. דאָס בעקענען־זיך מיט דער יודישער געשיכטע ברענגט דערצו, אַז דער יוד שטאָלצירט מיט זיין אָבשטאַמונג, אַז ער ווערט פול האָפנונג, און אָט דאָס אַלץ פעהלט אונזערע קינדער. מיין פאָר־רעדנער האָט אין זיין חדר־פּראָגראַם אָבגעגעבען אנ׳אָרט פאַר יודישע געשיכטע. אָבער די יודישע געשיכטע מוז זיך אויך געפינען אין פּראָגראַם פאַר די בתי־מדרשים און ישיבות, נאַטירליך, לויט די פעהיגקייטען פון יעדען בעזונדער.

עהנליך זעהען מיר אויך, אַז אונזערע קינדער לערנען דינים און אונזערע בחורים זענען עוסק אין פוסקים און בעקענען זיך מיט הלכות אסור והיתר וכדומה, אָבער זיי לערנען נישט דעם מהות היהדות, איהר עצם־וועזען, דעם „מאור שבה״, אָט דאָס, מיט וואָס מיר זענען געוואָרען „לאור עמים״, „לברית גוים״. און אויך דאָס, וואָס זיי לערנען, לערנען זיי נישט גענוי, לויט אַלע מקורים. ווער, למשל, אפילו פון די יחידי סגולה, בעשעפטיגט זיך מיט דער ספרות־התנאים, מיט מכילתא, ספרא, ספרי און תוספות, כדי אַזוי־אַרום צו פאַרשען און צו דערגעהן די השתלשלות פון דער תורה שבעל־פה? ווער לערנט ירושלמי, כדי דורך איהם בעסער דעם תלמוד־בבלי צו בעלייכטען? ווער קוקט אַפילו אַריין אין די ספרי הגאונים, זייערע תשובות, אינ׳ם „שאלתות״, אין די „הלכות גדולות״ און „הלכות פסוקות״, כדי צו בעקענען זיך גענוי מיט דער התפתחות ההלכה? נאַטירליך, קיינער נישט. שוין מעהר ווי הונדערט יאָהר ווי עס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרען די גרונד־יסודות אונטער איינעם פון אונזערע שענסטע בנינים, נעמליך, חכמת ישראל, וועלכע איז במשך פון די לעצטע הונדערט יאָהר געוואָרען זעהר בערייכערט און ענטוויקעלט. אָבער ווער זענען דאָס די חכמים וחוקרים אויף דעמדאָזיגען געביעט? כמעט אַלע דאָזיגע געלעהרטע (אויסער זעהר ווענינגע יוצאים מן הכלל!) זענען אונזערע ברידער אין די מערב־לענדער. דאָרט בעשעפטיגען זיך אַלע מיט „חכמת ישראל״, די פרייזינינגע ווי די פרום־רעליגיעזע געלעהרטע. און לעצטענס האָבען די פרום־רעליגיעזע געלעהרטע אלע איבערשטיגען, ווי למשל אין דייטשלאַנד. דאַגעגען, וואָס זעהען מיר

ביי אונז? מיר בעריהמען זיך תמיד, אז מיר זענען דער רוב בנין און רוב מנין פון יודישען פאָלק, אַז ביי אונז איז דער למוד־התורה פערשפּרייט אין אַלע ווינקעלעך, און דאָך האָבען מיר פאַר דער „חכמת ישראל״ גארנישט אויפגעטהון, פּשוט דערפאַר, ווייל מיר לערנען אָהן סדר, ווייל אונזער גייסטיגע אויפפאַסונג איז ענג און בעגרענעצט, ווייל מיר לערנען, אמת, מיט יגיעה, מיט קערפּערליכער אָנשטרענגונג, אָבער עס פעהלט אונז דער אַלגעמיינער אומפאַסענדער גייסט, וואָס מאַכט דעם מענש ערהאַבען און פרוכטבאַר.

דאָס איז וואָס נוגע למודי־קודש, אָבער נאָך ערגער איז מיט די למודי־חול; דאָס לערנט מען לגמרי נישט, נישט אין חדר, נישט אין ישיבה, נישט אין בית־מדרש. איך וויל שוין נישט רעדען וועגען יענע גלאַנץ־פולע צייטען, וועגען דער תקופת חכמי־ספרד, ווען עס האָבען געלעבט אונזערע גרויסע חכמים, יענע בעריהמטע אַלגעמיין־געבילדעטע פּערזענליכקייטען, וואָס זענען איבעראַל בעקאַנט און געאַכטעט געוועזען מיט זייער טיעפער בילדונג און וויסענשאַפט אויף אַלע געביעטען. אָבער לאָמיר נעהמען אַפילו אַזאַ יודישען גדול, ווי למשל דער רא״ש, וועלכער איז געקומען פון דייטשלאַנד קיין שפּאַניען און האָט פיינד געהאַט די פילאָזאָפיע בתכלית השנאה, אזוי, אַז ער האָט זיך זאָגאַר אויסגעדריקט „בריך רחמנא דשיזבן מינה״. אָבער אויך דערדאָזיגער גדול און פוסק האָט פיינד געהאַט נור די פילאָזאָפיע, ווייל זי פיהרט, לויט זיין מיינונג, צו כפירה, אָבער אַנדערע וויסענשאַפטען און חכמות האָט ער ליעב געהאַט. אַזוי, אַז אויף זיין וואונש האָט זיין תלמיד רבי יצחק הישראלי מחבר געווען זיין מאַטעמאַ־

טיש און אַסטראָנאָמיש ספר „יסוד עולם״. דאַגעגען בײַ אונז הערשט בנוגע דעם אַלעם ממש חושך־מצרים. די גהעטאָ־עפּאָכע איז שוין פערשוואונדען געוואָרען, יעדער יוד מוז אין זיין קאַמף פאַר פרנסה בעזיצען אַלגעמיינע ידיעות, אָהן וועלכע עס איז אונמעגליך זיך צו בעגעהן, ער מוז בעזיצען די שפת־המדינה וכדומה, און דיזאָזינגע למודים מוזען אונבעדינגט געלערענט ווערען אין די בתי־ספר סיסטעמאַטיש, אָפען, נישט אונלעגאַל און בעהאַלטען. דאָס מוז זיין איינס פון די וויכטיגסטע ענינים־למוד פון חדר און ישיבה זעלבסט, און נישט זיי זאָלען געלערענט ווערען אויסער דעם חדר, אויסער דער ישיבה, וואָרום דאַן ענטשטעהט עפּיס אַ מין לאַגע פון „שתי רשויות״. אינ׳ם מוח פונ׳ם לערנער ווערען עפּיס בעשאַפען צוויי וועלטען, און אָט דאָסדאָזיגע איז טאַקע זעהר געפעהרליך פאַר׳ן גייסט, פאַר דער נשמה. עס איז געווען אַמאָל אַ צייט, ווען מ׳האָט טאַקע געוואָלט טיילען דעם יוד אויף צוויי טיילען, אויף קודש און חול, „היה אָדם בצאתך ויהודי באהלך״. אָבער מיר טארען דעם פעהלער נישט איבער׳חזר׳ן. מיר ווילען אַ געזונד, גאַנץ, האַרמאָניש לעבען. „זיין יוד און מענש אויף דער גאַס, יוד און מענש אין דער היים״, — אָט דאָס דאַרף היינט זיין אונזער לאָזונג.

ג) דער אונטערשיעד צווישען חנוך־הבנים און חנוך־הבנות. דעמדאָזיגען ענין האָט שוין בעריהרט מיין געעהערטער פאָר־רעדנער, אָבער איך מיין, אַז דאָס געהערט צו די יעניגע זאַכען, וועגען וועלכע מ׳ברויך רעדען און נאָכאַמאָל רעדען, נאָר אָהן אויפהער, וואָרום דאָס איז איינע פון די אָנגעוועהטאָגסטע מאָמענטען אין

אונזער חנוך־פראגע. ביז יעצט פלעגען מיר גרינדען חדרים בלויז פאר יונגלעך; פאר מיידלעך נישט. מיר האבען זיך דערביי געשטיצט אויף די דברי חז״ל „כל המלמד את בתו תורה כאלו מלמדה תפלות״, אבער מיר האבען גאר נישט קיין אכט געלעגט דערויף, וואס די צייטען זענען היינט גאנץ אנדערע און גאנץ אנדערש איז היינט אויך אונזער לעבען. די פרוי איז היינט נישט־נור די הויז־ווירטין, די בעל־הבית׳טע אין שטוב, נאר זי איז אויך די ערציהערין פון אונזער קינפטיגען דור, און אויב מיר ווילען אין איהר נישט ערוועקען דעם אש־קודש, דאס הייליגע יודענטום־פייער, דאן ווילען אויך אונזערע קינדער אויפוואקסען אהן תורה און אהן יודענטום, דאן וועט אויך די פרוי מיינען, אז ביים יודענטום האט זי א קליינעם ווערט, און וועט אוועק ווייט אין גאר אנדערע געדטנער. בעזונדערס איז דערדאזינער ענין זעהר אנגע־וועהטאגט טאקע אין די הייזער פון א סך חסידים און סתם פרום־רעליגיעזע יודען, וואס „תורה״ לערנען זיי נישט זייערע טעכטער, דערפאר אבער לערנען זיי זיי א זעהר היבשע מאס „תפלות״. אויב מיר ווילען געבען די פרויען גלייכבערעכטיגונג, מוזען מיר אויף זיי ארויפלע־גען אויך גלייכע פליכטען, אויך די פליכט פון לערנען. אונזערע טעכטער מוזען זיך בעקענען מיט דער העברע־אישער שפראך, מיט די כתבי־הקודש, מיט דער יודי־שער געשיכטע, מיט דער געשיכטע פון אונזער רייכער ליטעראטור און בכלל מיט דעם גאנצען מהות און וועזען פון יודענטום. לאמיר פאר זיי גרינדען בתי־ספר, אווענד־קורסען, לאמיר טהון אלעס מעגליכעס צו געווינען פאר אונז אונזערע טעכטער, אונזער פרויען־וועלט.

ד) אָבער דער הויפּט־חסרון אין אונזער מצב החנוך בעשטעהט אין דעם, וואָס עס פעהלען אונז די געהעריגע פּעדאַגאָגיש־אויסגעבילדעטע מלמדים ומנהלים מומחים, וואָס זאָלען וויסען ווי אזוי מ'לערנט און מ'בעגעהט זיך מיט קינדער, מיט'ן יונגען דור. ווער עס האָט געוואָלט, איז געוואָרען מלמד. ווער ס'איז געוועזען אַ לא־יוצלח, נישט־פעהיג צו קיין שום זאַך, האָט זיך גענומען צו לערנען יודישע קינדער תורה. מ'האָט נישט פערשטאַנען, אַז אום צו לערנען מיט קינדער איז נאָך וועניג וואָס מ'בעזיצט דאָרט געוויסע ידיעות, נאָר מ'מוז אויך זיין אַ גוטער בעל־מסביר, אַ פּעדאַגאָג, וואָס פאָדערט אַ סך פעהיגקייטען, פּראַקטיק, מ'מוז קאָנען גוט תופס־זיין דעם כאַראַקטער פון די תלמידים. און אָט דאָס איז טאַקע די סבה, וואָס זעהר וועניג זענען ביי אונז „רואים ברכה בלמודם", זעהר וועניג האָבען אַ פּעולה אין לערנען. אויף דעמדאָזיגען חסרון האָט שוין אָנגעוויזען מיין געעהרטער פאָר־רעדנער, וועלכער האָט פאָרגעלעגט צו גרינדען אַ לעהרער־סעמינאַריום, וואו מ'זאָל אויסבילדען גוטע און רעליגיעזע פּעדאַגאָגען. אָבער קודם־כל ברויך מען גרינדען אַ בית־אולפנא־למלמדים, כדי דאָס וואָרט „מלמד" זאָל אויפהערען צו זיין אַ שם־נרדף מיט בטלן וכדומה. און דאָ קאָן דער „מזרחי" זעהר פיעל אויפטהון, וואָרום דער „מזרחי" וויל דאָך טאַקע פעראייניגען תורה מיט חכמה און איינס זאָל דאָס צווייטע נישט שאדען.

זעהר וויכטיג אָבער פאַר אונז איז אויך די פראַגע וועגען גרינדען ישיבות, פון וואַנען עס זאָלען ארויסקומען רבנים, וועלכע זענען בעהאַוועגט אין דער וועלט און בעזיצען אַלץ, וואָס די צייט פאָדערט פון זיי. מיר ווייסען

אפילו, אז די אויפגאַבע פון די ישיבות איז געווען מחנך צו זיין נישט־נור רבנים, נאָר אויך סתם לומדים, וואָס זענען עוסק בתורה לשמה; טייל פון דידאָזיגע לומדים זענען טאַקע אויך געוואָרען רבנים, אָבער דאָס איז נישט געווען דער עיקר כונה. אָבער בנוגע דעמדאָזיגען לעבען מיר אין גאַנץ אנדערע צייטען. דער ענין חנוך־רבנים איז ביי אונז היינט אַ ברענענ־דע פראַגע. מיר מוזען מחזיר־זיין את העטרה ליושנה, דער רב דאַרף, פונקט ווי אמאָל, זיין באמת דער גייסטי־גער מנהיג־העדה, און דאָס קאָן ער זיין נור דאַן, ווען ער וועט אויך בעקאַנט זיין מיט אלע צייט־פאָדערונגען; דער רב דאַרף טאַקע זיין אַ גדול־בתורה, אָבער גלייכ־צייטיג ברויך ער אויך קענען אלע אנדערע למודי־היהדות און אויך אלגעמיינע למודים, און אָט דאָס אלץ ברויך דער רב זיך ערווערבען אין אַ ספּעציעלער לעהר־אנשטאַלט, נעמ־יך, אין אַ ישיבה, מיט אַ בעשטימטען פּראָגראַם פון למודי קודש און למודי חול. מ׳דאַרף אלזאָ מייסד זיין אַ מאָדערנע ישיבה, וואָס זאָל זיין נאָהנט צו דער אַלטער ישיבה מיט איהר גייסט, מיט דעם רוח התורה והאמונה, מיט דער ליעבע צו אונזער הייליגער טראַדיציע, מיט דעם גייסט פון התמדה און אלע אנדערע מדות טובות, מיט וועלכע אלע אונזערע גדולי האומה האָבען זיך אויסגעצייי־כענט, אָבער גלייכצייטיג זאָל זי אויך זיין ווייט פון דער אַלטער ישיבה דערמיט, וואָס דאָ וועט מעהר אכט גע־לעגט ווערען אויף די לעבענס־פאָדערונגען, דערמיט, וואָס דער שטודירענדער רב וועט זיך דאָ ערווערבען אויך אלע נויטווענדיגע ידיעות, אום צו קאָנען זאָרגען פאַר אלע גייסטיגע בעדערפעגישען פון זיין קהלה. מיר מוזען גרינ־

דען אַ מאָדערנע ישיבה, וואָס זאָל זיין נאָהנט צו די רבנים-סעמינאַריומס פון אונזערע ברידער אין אויסלאַנד, נעמליך, דערמיט, וואָס אַלץ זאָל דאָ געלערענט ווערען לויט אַ סדר און מעטאָדע, וואָס עס זאָל דאָ גע-לערענט ווערען חכמת-ישראל, וואָס איהרע תלמידים זאָלען אויך למודי-חול און שפת-המדינה קענען. אָבער זי דאַרף זיין ווייט פון די סעמינאַריומס דערמיט, וואָס דער עיקר זאָל דאָ נישט זיין קיין טפל און דער טפל קיין עיקר, וואָס דער עיקר זאָלען דאָ זיין די למודי קודש, וואָס די תלמידים זאָלען דאָ מסלא-כרסם זיין בש"ס ופוסקים ברוח הראשונים, כדי זיי זאָלען שפעטער נישט-נור פסק'נען שאלות, נאָר אויך מרביץ-תורה זיין. און פולען זין פון וואָרט. און מחמת דעם דאַרף דער פראָ-גראַם פון דער ישיבה ארומנעהמען אלע למודי היהדות, מקרא און משנה, בבלי און ירושלמי, דינים והלכות, העברעאיש און אַראַמעאיש, חקירת היהדות און איהר פילאָזאָפיע, מדרש ואגדה וכדומה, און גלייכצייטיג אויך למודי חול אין אַ גניגענדער מאָס. אויך דאָ איז עס דער חוב פון „מזרחי" צו גרינדען אַזאַ ישיבה, אַ ישיבה, וואוהין עס זאָלען אריינגעהן דרייצעהן-פיערצעהן-יעהריגע בחורים, וועלכע זאָלען נאָך אַ 8-9-יעהריגען שטודיום ארויסגעהן פון דאָרט רייך אין תורה וחכמה, אין יראה והשכלה. אין מיין מאַמר אין „המזרחי" האָב איך בפרטות אָנגעגעבען דעם פראָגראַם פון דערדאָזיגער ישיבה, דאָ אָבער וויל איך פאָרלעגען דער קאָנפערענץ, אַז זי זאָל בעפולמעכטיגען די „מזרחי"-לייטונג, דאָס זי זאָל דידאָזיגע זאַך דורכפיהרען בפועל. נייע ליידען, נייע בעדערפענישען האָבען מיר טאָג-טעגליך. און ווער זאָל אונז נעגען דעם

ציצען, ווער זאָל אונז מיט זיינע טרייסט-ווערטער די געמיטער בערוהיגען, ווער זאָל ציהען נאָך זיך אונזער יוגענד, ווער זאָל אונז דעם ראַט, די געהעריגע אָנווייזונגען געבען, אויב נישט דער רב, דער מרא דאתרא, דער מנהיג הקהלה! פון היינט-אָן איז שוין אונמעגליך, אז א רב זאָל זיך מצמצם זיין אין זיינע ד׳ אמות של הלכה. אמת, די תורה וועט אויך ווייטער זיין זיין לעבענס-קוואַל, זיין נשמה. וועגען איהר דאַרף ער זאָרגען און זי מרביץ-זיין ווי וויט ער קאָן נור, ער דאַרף לערנען און געבען אָנווייזונגען די בחורי-בית-המדרש, אָבער גלייכצייטיג וועט דער רב אויך מוזען זיין א פערזאָן פונ׳ם אלטעגליכען לעבען, וואָס קאָן פיהרען זיין קהלה אין אזא וויכטיגער צייט.

אלס סך-הכל פון מיינע אלע ווערטער, וויל איך דאָ פאָרלעגען א רייהע רעזאָלוציעס און איך בעט די קאָנפערענץ זיי צו בעטראַכטען און אָנצונעהמען, נעמליך:

א) די קאָנפערענץ וועהלט-אויס א קאָמיסיע פאַר חנוך-ענינים מיט דעם רעכט צו קאָאָפּטירען מיטגליעדער אויך פון נישט-מזרחי׳סטישען לאַגער, און די קאָמיסיע זאָל זיך בעשעפטיגען מיט אלע עניני-חנוך.

ב) דיזאָזיגע קאָמיסיע זאָל אויסאַרבייטען א פעסט-אָנגעצייכענטען פראָגראַם פאַר חדרים, בתי-ספר, אָווענד-קורסען, בתי-מדרש, לעהרער-און מלמדים-סעמינאַריומס און ישיבות, פאַר למודי-קודש און למודי-חול.

ג) די קאָנפערענץ נעהמט-אָן א רעזאָלוציע, אז מ׳דאַרף בעזונדערס אכט לעגען אויף חנוך הבנות און גרינדען פאַר זיי חדרים, בתי-ספר און אָווענד-קורסען לויט אנ׳אָנגעצייכענטע פראָגראַם

ד) די קאָנפערענץ בעפולמעכטיגט זיין ועד־הפועל, אַז ער זאָל זיך בעמיהען צו עפנען אין דער נאָהנטסטער צוקונפט אַ בית־אולפנא למלמדים און אַ ישיבה לרבנים לויט די יסודות, וואָס זענען אָנגעוויזען געוואָרען אינ'ם דאָזיגען רעפעראַט.

ה) צוליב דעם, וואָס ביז עס וועלען געגרינדעט ווערען אַזעלכע לעהר־אנשטאַלטען פאַר מלמדים, לעהרער און רבנים, וועט נאָך מוזען דויערן אַ געוויסע צייט, זאָל מען זאָפאָרט גרינדען קורסען פאַר קאַנדידאַטען אויף לעהרער, מלמדים און רבנים, וועלכע זאָלען אויף די דיראָזיגע קורסען זיך פערפאָלקאָמען אין די נויטווענדיגסטע ידיעות.

ו) די קאָנפערענץ בעשליסט ארויסצוגעבען ספרי־למוד, וועלכע ערפילען די פאָדערונגען, וואָס זענען אָנגעוויזען געוואָרען אינ'ם יעצטיגען רעפעראַט, ווי אויך ספרי־קריאה פאַר דער יוגענד.

ז) מ'דאַרף אויך גרינדען אַ פאָנד אַרויסצוגעבען מאספים, צייט־שריפטען און ספרים געווידמעט דער פאָר־שונג אויפ'ן געביעט פון תורה וחכמת־ישראל.

רבותי! געווים איז אייך בעקאַנט דער שענער דרוש פון אונזערע חכמים ז"ל אויף דעם פסוק „חדשים לבקרים רבה אמונתך": „מתוך שאתה מחדשנו בבקרן של מלכיות אנו יודעין שאמונתך רבה לגאלנו". אַ נייער טאָג און אַ נייע עפּאָכע הויבט זיך יעצט אָן אין לעבען פון אַלע לענ־דער, און אַ נייער טאָג און אַ נייע עפּאָכע הויבט זיך אָן אויך אין אונזער פאָלקס־לעבען, אַנ'עפּאָכע, וואָס האָט נישט איהר'ס גלייכען אין אונזער געשיכטע, אַנ'עפּאָכע פון צרות און גרויזאַמע פערפאָלגונגען, פון שחיטות און רציחות,

אָבער גלייכצייטיג אויך פון אַ בעוועגונג און אנ׳אויפלע־
בונג צו אַ נייַ לעבען, פון האָפנונג און אויסלייזונג. לאָ־
מיר נישט פערלירען דעם מוט! לאָמיר נישט אָנווערען
די האָפנונג! „אני ה׳ לא שניתי ואתם בני יעקב לא
כליתם״. און אפשר, אפשר איז די יעצטינע שרעקליכע
שנאה צו אונז מאַקע אַ פּראָדוקט פון דער גרויסער האָפ־
נונג און דער גרויסער בעוועגונג, וואָס האָט אַרומגענו־
מען אַלע אונזערע פאָלקס־שיכטען אין די פערשידענסטע
לענדער. אונזערע שונאים קאָנען עס נישט פערטראָגען.
וואָס אָט דאָס עלענדע, געפלאָגטע פאָלק האָט ענדליך
אויפגעהערט זיך מבניע־צו־זיין פאַר זײַנע פערפאָלגער, און
קוקט אויף זיי מיט שטאָלץ און פאָדערט פון זיי נישט
רחמנות, נאָר צדק ומשפט, רעכט און גערעכטיגקייט,
וואָס אָט דאָס גע׳רודפ׳טע פאָלק האָט ענדליך אויסגע־
גלייכט זיין אייגעבויגענעם רוקען און ווייזט־ארוים זיין
ווילען צו אַ נייַ לעבען, צו אַ געזונד און נאָרמאַל לעבען
אנ׳אייביג פאָלק זענען מיר און אנ׳אייביג פאָלק וועלען
מיר אויך אין דער צוקונפט זיין. אָבער כדי דאָס צו זיין
מוזען מיר זיך פעסט האַלטען אין יענעם טייערען אוצר.
וואָס מיר האָבען איבערגענומען בירושה פון אונזערע על־
טערן. אָט דער אוצר האָט אונז געגעבען מוט און
קראַפט איידער מיר זענען אריין אין אונזער לאַנד, און
ער וועט אונז אויך לייכטען אויפ׳ן וועג צו אונזער אַלט־
נייער ארץ־אָבות, וואוהין מיר געהען, אום עס שוין מעהר
קיינמאָל נישט צו פערלאָזען.



ביידע רעפעראַטען, פון סטאַשאָווער רב און פון ד״ר ש. פאָזנאַנסקי, זענען אויסגעהערט געוואָרען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און זענען בעגלייט געוואָרען מיט רוישענדע אַפּלאָדיסמענטען. נאַכהער האָט די קאָנפערענץ אָנגענומען אַ חוץ די דערמאָהנטע זיעבען רעזאָלוציעס פון ד״ר פאָזנאַנסקי אויך נאָך פאָלגענדע

## רעזאָלוציע:

ח) ביי דער אָרגאַניזאַציע „מזרחי" ווערט געגרינדעט אַ פאָנד פאַר רעליגיעז־נאַציאָנאַלער ערציהונג מיט'ן נאָמען „קופת רבי עקיבא", וואָס זיין אויפגאַבע איז: אוועקצושטעלען דעם יודישען חנוך אין פוילען אויף דער געהעריגער הויך און לויט די יסודות פון „מזרחי".

די געזאַמעלטע סומען פון „קופת רבי עקיבא" זאָלען אויסגעגעבען ווערען:

1) צו גרינדען און אויסצוהאַלטען אַ ישיבה פאַר רבנים, לעהרער און מלמדים מיט דעם נאָמען „התחכמוני".

2) איינצואָרדנען און שטיצען פּרעבעל־שולען (גני־ילדים), חדרים און שולען אין פוילען ברוח הדת והמסורה.

3) אַרויסצוגעבען פאַר דער יוגענד פערשיעדענע ספרי למוד און ספרי קריאה.

